פֿערלאַג „ביכער־פֿאַר־אַלע“, וואַרשע.

# אַגענטען

אַ שפּאַס אין 1 אַקט.

פֿון

## שלום־עליכם.



פּרייז 10 ק׳פּ׳.

וואַרשע. — תרס״ח.

דרוק „האור“, דלוגאַ 11.

פֿערלאַג „ביכער=פֿאַר=אַלע", וואַרשע.




א שפּאַס אין I אַקט.

פֿון

שלום=עליכם.



וואַרשע. — תרס"ח.

בדפוס „האור", וואַרשע, דלוגאַ 11.

**АГЕНТЫ**

Комедія въ I актѣ

Соч. Шаломъ-Алейхема.

Изданіе „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЭ", Долгая 11.

ВАРШАВА 1908.



# אַגענטען.

(א שפּאס אין 1 אקט)

פון שלום-עליכם.



## פערזאָנען:

---

**מנחם מענדיל יקנהז** — אַ יונגערמאַן אַ קליינשטעדטעלדיגער, אָנגע־טהון אין אַ נייעם גאַרגיטער, נאָר וואָס פון דער נאָדעל, מיט אַ נייעם קאַפּעלוש, וואָס זיצט ניט גוט אויפ'ן קאָפּ, און מיט אַ קאָלנער, וואָס קוועטשט איהם אַרויס די אויגען פון שטערן. אויפ'ן שוים האַלט ער אַ גאַנץ גרויסען פּאָרטפעל, אויך אַ נייעם.

**מאַרק מאָיסעיעוויטש לאַמטערענשיסער**—אַ יונגערמאַן אַ שטשאָ־געל, אויך מיט אַ גרויסען פּאָרטפעל.

**אַקים איסאַקאָוויטש באַקפיש** — אַ געפּאַקטער פּאַרשוין, וואָס האַלט פון דער אַכילה, אויך מיט אַ גרויסען פּאָרטפעל.

**לאַזאַר קאָנסטאַנטינאָוויטש טערקעלטויב** — אַ פּאַרשוין מיט אַ גרויסער באָרד און מיט אַ גרויסע־משפּחה: אַ ווייב מיט עטליכע קינדער, איינס קלענער פונ'ם אַנדערען.

פערשיעדענע פּאַרשוינען, סטאַטיסטען.

די געשיכטע קומט פאָר אונטערוועגענס, אין וואַגאָן III קלאַס.





## ערשטע סצענע.

(אין וואַגאָן. — איינינע פאַרשוינען זיצען, איינינע ליגען אויס־געצוינען, איינינע שלאָפען. — אויף די פּלייצעס פּעקלעך, טשעמאָדאַנעס. — פאָרענט, איינער אַליין אויף אַ באַנק, נאָהענט צו׳ם פענסטער, זיצט מנחם מענדיל, בעטראַכט דעם נייעם גאַרניטער, רעדט צו זיך אַליין):

מנחם־מענדיל. אָנגעטהון מיך אַביסעל — ווי אַ חתן. אויסגעפּוצט — ווי אַ מויד, אַ חסרון די הויזען אַביסעל צו שמאָלדליך, און דער קאָלנער... אוי דער קאָלנער! נאָר אויף צו דערחאַרגען ווערען!... איך פאָהר. איך ווייס וואוהין איך פאָהר? „איהר וועט זיין. זאָגען זיי, אַ גוטער אַגענט. אייער נאָמען אַליין, זאָגען זיי, איז שוין גענוג! אַ ווערטעלע אויסצורעדען מנחם־מענדיל יקנהו, וואָס מען קאָן איהם, זאָגען זיי, ווי אַ ביי־זען שילינגער, אומעדום: אין יעהופּעץ, אין בויבעריק, אין מאַזעפּעווקע, און וואו ניט? „פאָהרט, זאָגען זיי, צווישען אייערע יידעלעך און זייט מצליח! שטראַפּירט, זאָגען זיי, מענשען פון׳ם טוידט“... שטראַפּירען מענשען פון׳ם טוידט? ווי אַזוי נעהמט מען דאָס און מען שטראַפּירט אָב יענעם פון׳ם טוידט? זאָל איך אַזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע, חאָטש זיי האָבען מיך געלערענט צוויי טאָג כסדר הלכות־אַגענט, און „אַוואַנס“ האָט מען מיר אויך געגעבען, און דאָס איז דאָך דער עיקר, מחמת אַלע אַגענטען נעהמען אַוואַנסען, ס׳זאָל ניט זיין קיין אַוואַנסען וואָלטען ניט געווען, זאָגען זיי, קיין אַגענטען... חוץ לזה האָבען זיי מיר אָנגעפּאַקט אַ פולען פּאָרטפעל מיט קאָנסטיטוציעס, מיין איך אינסטרוקציעס, ווי

אַזוֹי אַנ'אַגעֶנט איז זיך נוֹהג בשעת שטראַפיעֶן יעֶנעֶם פוּנ'ם טוֹידט, מעֶן בעֶדאַרף זיך נעֶהמעֶן אַקאָרשט צוּ די קאָנסטיטוּציעֶס, מײַן איך אינסטרוּקציעֶס... (עֶפעֶנט אוֹיף דעֶם פּאָרטפּעֶל אוּן בעֶקוּמט אַרוֹיס אַ בריוועֶל) אָ! מעֶן זאָל דעֶרמאַנעֶן משינ'ן — שינה. שײַנדעֶל'ס אַ בריוועֶל! ווי זאָגט די שוויגעֶר מײַנעֶ: „אַז מעֶן זוּכט אַ שעֶר געֶפינט מעֶן אַ בעֶזים"... מעֶן דאַרף פוּן העֶסטוועֶגעֶן לייעֶנעֶן נאָך אַ מאָל, וואָס שרײַבט עֶפּעֶס מײַן פּלוֹנית'טעֶ זאָל מאַריך ימים זײַן? במילא סקוּטשנעֶ אין וואַגאָן, ניטאָ וואָס צוּ טהוּן. (לייעֶנט דאָס בריוועֶל):

„לכבוד בעלי היקר הנגיד החכם... (בקיצור) מוהר"ר מנחם מעֶנדיל נ"י.

„עֶרשטעֶנס קוּם איך דיר צוּ מעֶלדעֶן, אַז מיר זעֶנעֶן אַלעֶ גאָט צוּ דאַנק אין בעֶסטעֶן געֶזוּנד, גיב גאָט דאָס נעֶמליכעֶ פוּן דיר צוּ העֶרעֶן אוֹיף ווײַטעֶר ניט עֶרגעֶר". (רײַסט איבעֶר) דאַנקעֶן השם יתברך וואָס חאָטש געֶזוּנד. (לייעֶנט ווײַטעֶר):

„צווייטעֶנס שרײַב איך דיר, זאָלסט אַזוֹי כח האָבעֶן, משוּמד איינעֶר"... (רײַסט איבעֶר) שוֹין! זי הוֹיבט שוֹין אָן מיט איהרעֶ ברכות! (לייעֶנט ווײַטעֶר) „זאָלסט אַזוֹי כח האָבעֶן, משוּמד איינעֶר, צוּ חאָליעֶן דאָרטעֶן אין דעֶר קרעֶנק אין דעֶם וויסטעֶן פינסטעֶרעֶן יעֶהוּפּעֶץ, ברעֶנעֶן זאָל עֶס מיט דיר אינאײַנעֶם אוֹיף איין פײַעֶר, ווי איך האָב אַפילוּ כח צוּ פלאָנטעֶן מיט די פיס, אַז בסך הכל האָט מיר דעֶר שעֶנעֶר דאָקטאָר געֶהייסעֶן ליגעֶן — ליגעֶן זאָל עֶר אוֹיפ'ן בית עוֹלם מיט דיר אין שכנוֹת, „ווי די מאַמעֶ זאָגט"... (רײַסט איבעֶר) אַהאַ! די מאַמעֶ זאָגט!... (לייעֶנט ווײַטעֶר) „ווי די מאַמעֶ זאָגט, ס'זאָל אײַך זײַן הײמליכעֶר אין די לאַנגעֶ ווינטעֶר נעֶכט... נאַ דיר גאָר אַזאַ שלאַק, אַ נײַעֶ פּרנסה האָט איהם גאָט צוּגעֶשיקט דעֶם ברוּטגעֶבעֶר מײַנעֶם: עֶר וועֶט שטראַפירעֶן מעֶנשעֶן צוּ'ם טוֹידט! וואָס הייסט דאָס, מעֶנדיל, דוּ וועֶסט שטראַפירעֶן

מעָנשעָן צו׳ם טוידט! פאַרוואָס?״... (רײַסט איבעָר) זי האָט
ניט אָן צו פערשטעהן, וואָס מען שרײַבט איהר (לייעָגט
ווײַטעָר) „ביזט דאָך קלאָהר משוגע — משוגע מעָגסט דו
ווערעָן פאַר אַלעָ ייִדעָן און פאַר אַלעָ גוים לדבדיל, ווי
די מאַמעָ זאָגט״... (רײַסט איבעָר) זי איז שוין ווידער דאָ מיט
דער מאַמעָ! (לייעָגט ווײַטעָר) „ווי די מאַמעָ זאָגט: אַ פערדיל
אַז מען לאָזט איהם אָב די לייצעָס, פערדרייסט דאָס אויך דעָם
ווייִדיל. קאַרג הייסט עָס וואָס דו האָסט איבערגעָדיענט אַלעָ
עבודה זרות, געָוועָן שוין וואָס אין דער קאָרט: אַ העָנדלעָר —
אַ טענדלעָר, אַ מעָקלעָר — אַ שמעָקלעָר, אַ געָהער — אַ דרעָהעָר,
אַ שדכן — אַ בדחן, וואָס די גאַנצעָ וועָלט האָט מיט דיר צו
טהון, בעָדאַרפסט דו נאָך אויספּרובען האַנדלעָן מיט טוידטעָ
לעָבעָדיגעָ מתים, ווי זאָגט די מאַמעָ זאָל לעָבעָן: וואַרט
וואַרט, ער וועט זיך דיר שוין באַלד פערשטעָלעָן פאַר אַנ־
אַם אויך ערגעָץ אין פוילעָן!... וואָלט ניט גלײַכעָר געָוועָן
מויזעָנד מאָל, זאָלסט, למשל, זײַן אַצינד אויף דער מלחמה
מיט יאַמפּאָני״... (רײַסט איבעָר) יאָ, ס׳פערשטעהט זיך! אָט
פליה איך!... (לייעָגט ווײַטעָר)... „און קומעָן צו פאָהרעָן אַהיים
אין אַזאַ שטאַנד חלילה, ווי אונזער משה־וועלוועל־לוי־אברהם׳ס
איז געָקומעָן, פינסטער איז מיר, אָהן הענד און אָהן פיס
און אָהן לײַב און אָהן לעָבעָן, ווי די מאַמעָ זאָגט: די קויל
ווייסט דעָן וועמען זי שיסט?... געָדענק זשעָ, מענדיל,
איצטיגעָס מאָל זאָג איך דיר מיט גוטעָן: ס׳זאָל אויף דיר
קומעָן אַ מהומה, אַ שרפה, אַ מגפה״... (עָס קומט אַרײַן אין
וואַגאָן לאַמטערענשיסער מיט אַ גרויסעָן טשעמאָדאַן, זוכט אַנ־
אָרט אויף צו זעצען זיך).

# צווייטע סצענע.

---

לאַמטערענשיסער (רוסיש). מאָזשנע ק׳וואַם? [1])

מנחם מענדיל (בעהאַלט דאָס בריוועל אין פּאָרטפּעל. אויך רוסיש). אָך! דליאַ טשעוואָ ניעט? [2]) (צו זיך) אַ פֿיינער פּאַרשוין מיט אַ שענעם טשעמאָדאַן... אפשר וועט ער זיך לאָזען שטראַפּירען פון׳ם טוידט?

לאַמטערענשיסער (בעשטאַט דעם טשעמאָדאַן, זעצט זיך אַוועק נעבען מנחם מענדלען. נעהמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס, רעדט רוסיש). ניעט לי או וואַס אָגניאַ? [3]) (צו זיך). נאַדאָ זאָנדיראָוואַט פּאָטשוואו — אַ טאַפּ אין וואָגען...

מנחם מענדיל. אָך! דליאַ טשעוואָ ניעט? (גיט איהם אַ שועבעלע, רעדט צו זיך). גאַנץ גוט וואָס ער הייבט אָן אויף צופריהער.

לאַמטערענשיסער (טראָגט איהם אונטער אַ פּאַפּיראָס). ניע אוגאָדנאָ לי [4])? (צו זיך), אַ פּאָדחאָדיאַשטשי [5])-סוביעקט... אַ פּראָווינציאַל מיט אַ נייעס גאַרניטער... אפשר וועט מען קאָנען מיט איהם מאַכען אַ געשעפט? חאָטש אַ קליין סטראַחאָוקעלע אויף אויסשלאָגען די הוצאות...

מנחם מענדיל (נעהמט). אָך! דליאַ טשעוואָ ניעט? (פּערוויינערט, רעדט צו זיך) זעהט אויס אַ גאַנץ לייטישער מענש. ער וועט זיך אם ירצה השם געווים פאַרשטראָפּירען פון׳ם טוידט.

לאַמטערענשיסער (צו זיך). מיט אזא חניאָק קאָן מען רעדען אויף יידיש (הויבט אָן רעדען יידיש). אַ חיות צו פאָהרען און

---

[1]) מעג מען צו אייך? [2]) פאַרוואָס ניט? [3]) האָט איהר אפשר פייער? [4]) צו ווילט איהר ניט? [5]) אַ פּאַסענדער.

באַהן ... נישט דאָס וואָס אַמאָל! אַז מען איז געפאָהרען מיט דער פוהר, פלעגט מען זיך, ווי פּאָניעמאַיעטע [1], שלעפען און שלעפען און שלעפען.

מנחם מענדיל (זאָגט איהם נאָך). שלעפען און שרעפען.

לאַמטערענשיסער. מען איז געווען אין גלות ביי'ם בעל עגלה, כחומר ביד היוצר.

מנחם מענדיל. כחומר ביד היוצר.

לאַמטערענשיסער. ער פלעגט אָנפּאַקען אַבויד מיט פּאַרשוינען פון כל מאַמינים שהוא.

מנחם מענדיל. פון כל מאַמינים שהוא.

לאַמטערענשיסער. יידען, און ווייבער, און אַזעקיל מעל, און אַחזן, און אַציג, און אַגלח...

מנחם מענדיל. און אַציג, און אַגלח.

לאַמטערענשיסער. און אַז מען איז געקומען באַרג אַרויף, האָט ער געהייסען די פּאַרשוינען זיי זאָלען זיך מטריח זיין אַראָבגעהן, מען בעט אייך מחילה.

מנחם מענדיל. מען בעט אייך מחילה.

לאַמטערענשיסער. און היינט בין איך מיר אַפּריץ, זיץ מיר, ווי פּאָנימאַיעטי, אין וואַגאָן און רויכער מיר אַפּאַפּיראָס, אי ניקאַקיך!

מנחם מענדיל. אי ניקאַקיך!

לאַמטערענשיסער. איין מעלה האָט נאָר נעהאַט דאָס אַמאָליגע פאָהרען – מען איז געווען זיכער מיט'ן לעבען. מען האָט נישט מורא געהאַט, טאָמער הליכה אַנ'אומגליק, אַקאַטאַסטראָפע, דאָס הייסט טאָמער קעהרט מען זיך איבער, ווי פּאָנעמאַיעטע, און מען פליהט ווי די האַלעשקעס מיט'ן קאָפּ אַראָב.

מנחם מענדיל. ווי די האַלעשקעס מיט'ן קאָפּ אַראָב.

---

[1]) איהר פערשטעהט?

לאַמטערענשיסער. גוט אַז מען איז בעוואָרענט חאָטש מיט עטליכע טויזענד קערבלעך אויף נאָכ׳ן טוידט, דאָס ווייב מיט די קינדער זאָלען חלילה ניט דאַרפען, ווי פּאָניִמאַיעטע, געהן איבער די הייזער.

מנחם מענדיל. איבער די הייזער (צו זיך) ער געהט גלייך, ווי אַ גוט פערד...

לאַמטערענשיסער (צו זיך). ער גערט דאָך מיר נאָך ווי אַ לאָ= שעקעל! (הויך). וואָרום כל זמן, פערשטעהט איהר מיך, דאָס רעדעל דרעהט זיך, דרעהט זיך עס.

מנחם מענדיל. דרעהט זיך עס.

לאַמטערענשיסער. און אַז עס הערט זיך אויף צו דרעהען איז— סטאָפּ מאַשינאַ!

מנחם מענדיל. סטאָפּ מאַשינאַ!

לאַמטערענשיסער (צו זיך). ער לאָזט זיך פיהרען. מען דאַרף געהן מיט איהם גלייך צו דער שטאַל. (הויך). דער חסרון וואָס ניט יעדער קאָן זיך בעוואָרענען מיט געלד. הייַנטיגע הוצאות, ווי פּאָניִמאַיעטע, מיט הייַנטיגע–ע–ע–ע...

מנחם מענדיל. מיט הייַנטיגע–ע–ע–ע...

לאַמטערענשיסער. איז חאָטש, פּאָקריאַניע מיערע, אַ סטראַ= חאָווקעלע.

מנחם מענדיל. פּאָקראַנעמיר אַ סטראַחאָווקעלע (צו זיך). ס׳איז דאָך טאַקי עפּעס נאָר מן השמים כ׳לעבען!

לאַמטערענשיסער. איך האָב מיך גראַד דערמאַהנט אַצינד, וואָס בייַ אונז האָט זיך געטראָפען אַ מעשה, איינער אַ געמיינער בעל הבית, וואָס האָט אויף זיין לעבען ניט פערמאָגט קיין טויזענד קערבליך, ווי פּאָניִמאַיעטיע, ניט אָנגעקוקט קיין גאַנצען הונדערטער אין די אויגען, האָט ער אָבער שכל גע= האַט בעצייַטענס זיך פערסטראַכירען אין עטליכע טויזענד קאַרבען. איצט איז ער געשטאָרבען, פאָהרענדיג, ניט פאַר

איַיך געדאַלט, אין באַהן, האָט מען זיַין ווייַב אויעגעצאָהלט בייַ אונז ניט לאַנג פינף טויזענד קאָרבען מעות מזומנים, אַחת ואַחת!

מנחם מענדיל, מעות מזומנים, אַחת ואַחת! פונקט דאָס אייַנציגע וואָס בייַ אונז. ביַי אונז האָט זיך אויך געטראָפען אזאַ מעשה ניט מיט פינף, נאָר מיט צעהן טויזענד קערבלעך, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפען בכל אַשר אפנה.

לאַמטערענשיסער (אויסער זיך). צעהן=טויזענד=קאַרבען?

מנחם מענדיל. צעהן טויזענד קאַרבען.

לאַמטערענשיסער. וואָס האָבען זיי געטהון מיט אזאַ סומע געלד?

מנחם מענדיל. וואָס זאָלען זיי טהון? זיי האָבען געעפענט א קראָם, א שאַרפע קראָם!

לאַמטערענשיסער. אַזוי? נו? און זיי לייזען עפּעס געלד?

מנחם מענדיל. נאָך אַ מין לייזען! מאַסף ממון!

לאַמטערענשיסער (צו זיך). איצט איז דער בעסטער מאָמענט. מען דאַרף איהם נעהמען אויפ'ן צימבעל. (הויך) ניט שיַיך צו זאָגען, מקנא זיין אַ געשטאָרבענעם, נאָר אַז מען דערמאַהנט זיך אָן די לעבעדיגע, ווי פאַניסאַיעטיע... יעדער האָט אַ וויַיב און קינדער... (ווּפּצט) איטליכער בעדאַרף עס טהון...

מנחם מענדיל (זיפּצט). הערסט דו, אָט דאָס שמועסט מען דאָך! (צו זיך) אָט איצט איז די בעסטע צייַט איהם נעהמען אין חדר אַריין.

לאַמטערענשיסער (זיפּצט). אַז וואויל איז דעם, וואָס טהוט עס אָב בעצייַטענס.

מנחם מענדיל (זיפּצט). ווער ס'האָט שכל, דער פערהאַפט פריהער, דער... און עס קאָסט גאָר ניט אַזוי טייַער. וואָס קאָסט עס דען?

לאַמטערנשיסער (אויפגעלעבט). עס ווענדט זיך אין די יאָה=
רען; איך מיין, אַז מען קאָן דאָס אָבמאַכען דאָ טאַקי?
מנחם מענדיל (אויפגעלעבט). פאַרוואָס ניט?
לאַמטערנשיסער. א דאָקטאָר קען מען קריגען נאָכדעם צו=
שטעלען אַ סוויטעטעלעסטווע, ווי פאָגימאַיעטיע...
מנחם מענדיל: דאָס איז די לעצטע דאַגה דאָס. דער עיקר איז
די סומע.
לאַמטערנשיסער (חאַפּט זיך צו׳ם פּאָרטפּעל). ניט די סומע איז
דער עיקר, דער עיקר איז די יאָהרען.
מנחם מענדיל (חאַפּט זיך צו׳ם פּאָרטפּעל), געוויינטליך די יאָהרען.
למשל וויפיעל זענט איהר אַלט?
לאַמטערנשיסער. איך? וואָס געהער זיך אָן, וויפיעל איך בין
אַלט?
מנחם מענדיל. וואָס הייסט וואָס געהער זיך אָן? איהר זאָגט
דאָך, אַז דער עיקר איז די יאָהרען, זאָגט איהר דאָך:
לאַמטערנשיסער. וואָס הייסט? איהר ווילט דען מיך פער=
סטראַכירען?
מנחם מענדיל. וואָס דען? איהר ווילט מיך פערשטראַפירען?
לאַמטערנשיסער, איהר זענט דען אויך אַנ׳אַגענט?
מנחם מענדיל. נאָך אַ מין אַגענט! אַ סוף=אַגענט!
לאַמטערנשיסער (שטעהט אויף, גיט איהם די האַנד און שטעלט זיך
פאָר גאַנץ העפליך. נאָר מיט גדלות). מאַרק מאָיסעוויטש לאַמ=
טערענשיסער, אָקרוזשנאָי אַגענט=אינקוויזיטאָר פון „עקוויטעבל״.
מנחם מענדיל (שטעהט אויף און שטעלט זיך פאָר גאַנץ עלעגאַנט.
מנחם=מענדל יקנהז, סוף=אַגענט פון „יאַקיר״. (עס קומט אַרײַן
אין וואַגאָן באַקפּיש מיט צוויי טשעמאָדאַנעס און זוכט אַנ׳אָרט אויף
צו זעצען זיך).

---

# דריטע סצענע.

---

באקפיש. מאושנא!

לאמטערענשיסער. פאזשאלויסטא.

מנחם מענדיל. פיזשאלעסי!

באקפיש (זעצט זיך אקעגען, צעלייגט זיך מיט די טשעמאדאנעס, איין טיטשעמאדאן בינדט ער אויף און נעהמט ארויס פון דארטען פלעשלעך מיט קעסטלעך מיט אלערליי פערביסענס, שטעלט אוועק דעם צווייטען טשעמאדאן פאפעריק, ווי א טישעל און נעהמט זיך צום אנביסען).

אונטערוועגענס, הערט איהר, איז גוט, אז מען פיהרט מיט זיך אלסדינג, ווארום נית אויף יעדער סטאנציע קריגט מען וואס מע דארף, און נישט אלסדינג, וואס מע גיט מיר, דאס עס איך. איך האב מורא פאר מיין מאגען. דאס הייסט ס'איז חלילה ביי מיר נית קיין קראנקער מאגען, הלואי ווייטער, נאר איך האב מורא, איך זאל איהם נית קאליע מאכען. דער מאגען, הערט איהר, דאס איז א קעסיל. הערט אויף חלילה דער קעסיל צו קאכען, איז די גאנצע מאשינע אין דער ערד. (עפענט אויף א פלעשעל, און גיעסט זיך אן א כוסה) לחיים, יידען, לא'מיר זיין געזונד. (גיעסט אן נאך א כוסה און טראגט אונטער מנחם מענדלען) פארזוכט, זייט מוחל, דאס דאזיגע ביסעל, ס'איז מיינע אנ'איינענע נאסטאיקע אויף מאראנצענשאלעכץ.

מנחם מענדיל (צו זיך). עפעס זעהר א ליבהארציגער פארשוין. אפשר וואלט מען איהם געקאנט פארשטראפירען פונ'ם טוידט? (הויך) א דאנק! גיט בעסער זיי (ווייזט אן אויף לאמטערענשיסערן).

לאַמטערענשיסער (צו מנחם מענדלען). טרינקט, טרינקט. (צו זיך) אַ פֿריינדליכער סוביעקט; מען קאָן איהם פֿערסטראַכירען, אויסשלאָגען הוצאות...

באַקפֿיש (טרינקט נאַך אַ גלעזעל און טראָגט אונטער לאַמטערענשיסערען). פֿערזוכט, איך בעט אייך, אַ ביסעל משקה און פֿערבייסט מיט די דאָזיגע סאַרדעלען. אויסגעצייכענטע סאַרדעלען, האַ? וואָס זאָגט איהר? גוטע סאַרדעלען? פֿרישע? איך לאָז מיך ניט אין וועג אריין אָהן קיין סאַרדעלען. אַ קשיא אויף אַ מעשה, וואָס עס טרעפֿט זיך אין וועג. אין וועג דאַרף מען זיין געהיט מיט'ן עסען, ווארום דאָס געזונד, הערט איהר, איז טייערער פֿון אַלסדינג (בינדט אויף אַ פּעקיל דאַרע קישקע, עסט אַליין און גיט זיי) האָט איהר שוין פֿערזוכט מיינע סאַרדעלען, מעגט איהר שוין פֿערזוכען מיין דאַרע קישקע אַודאַי. האָט קיין מורא ניט – ס'איז אי פֿריש אי כשר. איך, אַז איך קויף קישקע, קויף איך ניט אַבי וואָסער קישקע. דאָס געזונד, הערט איהר, איז טייערער פֿון אַלסדינג, ווארום אַז מען דערמאַהנט זיך אינ'ם טוידט, איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבען, ובפֿרט אַז מע האָט אין דערהיים אַ ווייב מיט צוויי קינדערלעך, צוויי אויגען אין קאָפּ.

לאַמטערענשיסער (עסט). נישט מעהר, ווי צוויי?

מנחם מענדיל. "צוויי סך הכל?

באַקפֿיש (קייעט). קאַרג? און טאָמער חלילה מאַכט מען אַ שטאַרב?

לאַמטערענשיסער (עסט). מיט אייער קאָמפּלעקציע?

מנחם מענדיל (עסט). קיין עין הרע מיט אייער אויסזעהן?

באַקפֿיש (קייעט). קוקט נישט, וואָס איך בין אַזוי... ע ע ע... איך זאָל מיך ניט אונטערהאַלטען מיט'ן עסען, וואָלט איך שוין ע=הע=הע! (בינדט אויף נאָך אַ פּאַקעט) אַנו פֿערזוכט נאָר, זייט מוחל, פֿון אָט דעם געראויכערט פֿלייש! ס'איז קאַלט, נאָר

ס'איז פריש. איך, אַז איך קויף פלייש, קויף איך ניט אַבי וואָסער אַ פלייש. פּאַרוואָס נעהמט איהר ניט קיין זויערע אוגערקע? ס'איז אתרוגים, ניט קיין אוגערקעס. מיין ווייב זאָל געזונד זיין, איידער איך פאָהר אַרויס פון דערהיים, אַז זי הויבט מיר אָן צו פּאַקען, פּאַקט זי, און פּאַקט, און פּאַקט און פּאַקט; נעהמט, איך בעט אייך, צו גלעזעלע ווישניק, ס'איז איינענער ווישניק, מיין ווייבס מלאָכה.

לאַמטערענשיסער (טרינקט). אַ געטריי ווייב ביי אייך.

מנחם מענדיל (טרינקט). ביי אייך אַ ווייב אַ געטרייע.

באַקפּיש. אַ זעלטענהייט. איינע אין אַ גובערניע! וואָס ווייסט איהר?

לאַמטערענשיסער. ניט קיין ווייב איז דאָס, ווי פּאָנימאַיעטיע, נאָר עפּעס אַנ'אוצר!

מנחם מענדיל. אַנ'אוצר, ניט קיין ווייב!

באַקפּיש. וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר?

לאַמטערענשיסער (צו זיך). אָנגעטראָטען אויפ'ן רעכטען אָרט.. מיר דאַכט, עס וועט געהן אַ גאַנג?... (הויך). אַזאַ ווייב דאַרף מען שעצען.

מנחם מענדיל (צו זיך). ער געהט מיט איהם אויף אַ דרך... (הויך) אַזאַ ווייב דאַרף מען האַלטען בכבוד, אַזאַ ווייב!

באַקפּיש (שיילט אַ מאַראַנץ), וואָס ווייסט איהר? וואָס ווייסט איהר? נעהמט, איך בעט אייך אַ מאַראַנץ. ס'איז גוטע מאַראַנצען. אַז איך געה קויפען מאַראַנצען, קויף איך ניט קיין אַבי וואָסערע מאַראַנצען. דאָס האָט אויך זי איינגעפּאַקט מיר, מיין ווייב מיין איך...

לאַמטערענשיסער (שיילט אַ מאַראַנץ). אַזאַ ווייב, ווי אייערע, טאָר מען ניט לאָזען אַזוי אָהן אַ שום בעוואָרעניש חלילה אויפ'ן ערגסטען פאַל, טאָמער אַנ'אומגליק חס ושלום. ווי פּאָנימאַיעטע? איך געה מיט דעם גאַנג. אַז וואָבשטשע אַ ווייב

בעדאַרף מען בעוואָרענען, און ווער שמועסט נאָך מיט קינדער, און ווער שמועסט נאָך אַזעלכע מענשען ווי מיר, פאָניִמאַיעטיע, וועג-מענשען ...

מנחם מענדיל (צו זיך). ער מאַכט דאָס גאָר ניִשט שלעכט, כ'לעבען, (תויך) מיר זענען דאָך עפּעס וועג-מענשען, זענען מיר!

באַקפּיש. איך געה אויך מיט דעם גאַנג, אַז אַ ווײַב מוז מען בעוואָרענען, פאַרזיכערען חאָטש מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַזעלכע צעהנטויזענד קערבלעך. דערויף איז פאַרהאַן נאָר איין מיטעל.

לאַמטערענשיסער (אויפגעלעבט). אָבסטראַכירען זיך?

מנחם מענדיל (אויפגעלעבט). שטראַפּירען זיך פון'ם טוידט?

באַקפּיש. פון וואַנען האָט איהר געטראָפען, וואָס איך מיין? איהר האָט בײַ מיר אַרויסגעריסען די ווערטער פון'ם מויל!

לאַמטערענשיסער. דער שכל איז מחיב, וואָרום מיט וואָס דען קאָנען אַזעלכע מענשען ווי מיר, פאָניִמאַיעטי, בעוואָרענען אונזערע ווײַבער?

מנחם מענדיל. אַ פּראָסטער שכל!

באַקפּיש. איהר זענט זעהר גערעכט, אַז מע קאָן צאָהלען ביסלעכווײַז, און קיין סך קאָסט דאָס ניט... ווער פון אײַך בײַדען וואָלט וועלען מאַכען דאָס עסק?

לאַמטערענשיסער (האַפּט זיך צום פּאָרטפעל). איך געוויינטליך.
(קוקט אויף מנחם מענדלין פון אויבען אַראָב).

מנחם מענדיל (האַפּט זיך צו'ם פּאָרטפעל). געוויינטליך איך.

באַקפּיש. ווילט איהר הייסט דאָס בײַדע? מהכתיתי, נאָך גרײַכער (בייגט זיך אָן נאָכ'ן פּאָרטפעל). אינ'ם דאָקטאָר, מיין איך, וועט קיין מניעה ניט זײַן.

לאַמטערענשיסער. פון'ם דאָקטאָר קאָן מען נאָכדעם צושטעלען אַ סווידיעטיעלסטווע. דער עיקר איז די יאָהרען.

מנחם מעֶנדיִל. אַ פּאַפּיִער פוּנ'ם דאָקטאָר קאָן מעֶן נאָכדעֶם צוּ=
שטעֶלעֶן, וויִפּיִעל זעֶנט איִהר אַלט — אָט דאָס איִז דעֶר עיִקר.

באַקפּיִש. איִך?

לאַמטעֶרעֶנשיִסעֶר. וועֶר דעֶן?

מנחם מעֶנדיִל. וועֶר זשעֶ דעֶן, איִך?

באַקפּיִש. וואָס הייִסט! איִהר האָט דאָך געֶוואָלט, אַז איִך זאָל
איִיך אָב...

לאַמטעֶרעֶנשיִסעֶר. איִהר זאָלט אונז? מיִר האָבעֶן געֶמייִנט
איִיך!

מנחם מעֶנדיִל. דאָס האָבעֶן מיִר איִיך געֶמייִנט.

באַקפּיִש. איִהר? מיִך? איִהר זעֶנט דעֶן אַג...?

לאַמטעֶרעֶנשיִסעֶר. פאַרשטעֶהט זיִך אַגעֶנטעֶן! נוּ, און איִהר?

מנחם מעֶנדיִל. אַגעֶגטעֶן געֶווייִנטליִך! און איִהר וועֶר זייִט?

באַקפּיִש (שטעֶהט אויף, טרייִסעֶלט זיִך אָב פוּנ'ם עֶסעֶן, גיִט זיִי די האַנד).
איִך האָב די עֶהרעֶ מיִך פאָרצושטעֶלעֶן: אַקיִם איִסאַקאָוויִטש
באַקפּיש, איִנספּעֶקטאָר אָרגאַניִזאַטאָר פוּן ניוּיאָרק.

לאַמטעֶרעֶנשיִסעֶר. אַזוֹי, אָחיִנוּ אַתּה! מאַרק מאָיסיעֶוויִטש לאַמ=
טעֶרעֶנשיִסעֶר, אַגעֶנט אַקוויִזיִטאָר פוּן „עֶקוויִטעֶבל" (קוּקט אויף
מנחם מעֶנדלעֶן פוּן אויבעֶן אַראָב).

מנחם מעֶנדיִל, זעֶנט איִהר הייִסט דאָס פוּן אונזעֶרעֶ מעֶנשעֶן
טאַקיִ?! (עֶלעֶגאַנט) מנחם מעֶנדיִל יקנהז סוּפּ=אַגעֶנט פוּן „יאַקעֶר"...
(עֶס קוּמט אַריִין איִן וואַגאָן טעֶרקעֶלטויב מיִט זיִין געֶזיִנדעֶל, מיִט אַ סך
טשעֶמאָדאַנעֶס, פּעֶקלעֶך, קוישלעֶך מיִט פּעֶטשיִילעֶס, זוּכט אַנ'אָרט פאַר
זיִך און פאַר דעֶר משפּחה).

---

# פּירמע סצענע.

טערקעלטויב. מאָזשנע קוואַם?

באַקפּיש. איזוואָלטע [1].

לאַמטערנשיסער. סאודאָוואָלסטוויעם [2].

מנחם מענדיל. ספּרעדאָוואָלסטוויעם.

(דער נייער פּאַרשוין מיט דער משפּחה, הויבט אָן זיך אויסזעצען מיט ווייב און קינדער און אויסלייגען זיך מיט די פּעקלעך. עס ווערט אַ טומעל, אַ האַרמידער. דער שרייט: מיטאָג! מאַמע, מיטאָג! דער וויל אַ טרונק. די מוטער קנאַקט ניסלעך, לעגט די יאָדערען דעם קליינעם קינד אין מויל אַריין, און גאָר אַ קליין קינד האַלט זי אויפ'ן שוים ביי דער ברוסט. די עלטערע שפּאַרען זיך צום פּענסטער, שטופּען אָב איינס דאָס אַנדערע מיט די עלענבויגען. דער פאָטער איז זיי מכבּד, וועמען אַ פּאַטש, וועמען אַ שטורק און וועמען אַ פּאָטילעטשניק).

באַקפּיש (צו זיך). אַזאַ בעל משפּחה וואָלט שוין געוויס געמעגט זיין געסטראַכירט (הויך) נישט גוט מיט קינדער אין וועג?

לאַמטערנשיסער (צו זיך). אַ פּאָדחאָדיאַשטשע סוביעקט אויף צו סטראַכירען זיך מיט די קינדער!... (הויך) אונטערוועגענס מיט קינדער איז אַ פּנים שווער.

מנחם מענדיל (צו זיך). אפשר וואָלט זיך דער דאָזיגער פּאַרשוין פערשטראַפירען פון'ם טוידט אפשר?... (הויך) שווער אַ פּנים מיט קינדער אונטערוועגענס?

טערקעלטויב. שווער ווי דער טוידט!

1) ביטע. 2) מיט פערגניגען.

באַקפֿיש. זײַ זענען בײַ אײַך ציטעריג, ווײַזט אויס?

לאַמטערענשיסער. איהר באַלעוועט זײַ?

מנחם מענדיל. געבאַלעוועטע בײַ אײַך?

טערקעלטויב (דערלאַנגט אַ שטויס דעם עלטערען, ער זאָל אָבטרעטן פֿונ׳ם פֿענסטער). ניט אַזוי ציטעריג, ווי טײַער.

באַקפֿיש. פֿײַנע קינדער בײַ אײַך.

לאַמטערענשיסער. קיין עין הרע געראָטענע, פּאָנימאַיעטיע.

מנחם מענדיל. געראָטענע קיין עין הרע.

טערקעלטויב. נישקשה. לערנען זעהר גוט. גוט ערצוינען. ער־ציהונג — דאָס איז דער עיקר. (רופֿט צו דעם עלטערען) אַבראַ־שאַ, קום נאָר אַהער! געב דעם דיאַדי די האַנד. נו, אַבראַ־שאַ! (אַבראַשאַ וויל ניט געהן און בעקומט אַ פּאַטש פֿונ׳ם פֿאָטער). זעהט איהר אָט אָ דעם פּעמפּיק? (ער ווײַזט אויפֿ׳ן צווייטען) איז דאָס אַ קאָפּ! אַ גאון, זאָג איך אײַך! נאָר אַ שײַגעץ. אוי, אַ שײַגעץ! מיט איהם אויסטענה׳ען זיך, וועט ער אײַך מאַכען מיט דער בלאָטע... אָט אָ יענץ פֿערמורושעט יינגעל זעהט איהר? — אײַן חכם! הערט די מאַמע מיט׳ן קאָטער. נאָר פֿאַר מיר האָט מען אַביסעל דרך ארץ. דאָס הײסט מע וואָלט מיך אויך ניט געהערט, האָב איך אַ קאַנטשיק און שמײַס, אוי שמײַס איך!... קינדער, הערט איהר, בעדאַרף מען לערנען, ערציהען הײסט עס, ערציהונג — דאָס איז דער עיקר, זעהט איהר אָט אָ דאָס קלײַנע װעװוריקעל, וואָס די מוטער האָדעוועט איהם מיט ניסלעך? אַ פּיסק! נאָך נישט אַלט קיין פֿיער יאָהר און רעדט איטליכעס וואָרט, איטליכעס וואָרט, ווי אַנ׳אַלטער. דאַווידקע! קום נאָר אַהער, דאַ־ווידקע! (דאָס קלײַנע וועװוריקעל, וואָס מע רופֿט דאָס דאַווידקע, וויל ניט אַראָב פֿון דער מוטערס הענד, דרעדט אויס דעם קאָפּ צום פֿאָטער). זאָג מיר, דאַווידקע, ווי אַזוי רופֿט מען דיך? (דאַווידקע ענ־

טפּערט: „טיע-טיע-טיע") וויפיעל ביזט דו אַלט, ראַווידקע?
(דאַווידקע ענטפּערט: „טיע-טיע-טיע"). ראַווידקע! זאָג דער מאַמע, זי זאָל דיר געבען פּאָווידלע. (דאַווידקע דרעהט אוים דעם קאָפּ צו דער מוטער: טיע-טיע-טיע!...) וואָס זאָגט איהר דערויף? איט=ליכעס וואָרט, איטליכעס וואָרט, ווי אַנ'אַלטער!

באַקפּיש (קוועלט). צו אַזעלכע קינדער בעדאַרף מען אַ סך האָבען.

לאַמטערענשיסער. מע דאַרף זיך צו זיי, פּאַנימאַיעטיע, גוט אונטערגאַרטלען.

מנחם מענדיל. גוט אונטערגאַרטלען דאַרף מען זיך.

טערקעלטויב. אַ חדוש אַביסעל! איהר זעהט גרויהע האָר? (בע-ווייזט אויף דער באָרד) נישטאָ נאָך קיין פינפצעהן יאָהר נאָך דער חתונה.

באַקפּיש (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). אַי=אַי=אַי!

לאַמטערענשיסער. קיין עין הרע אַזאַ חברה!

מנחם מענדיל. אַזאַ חברה קיין עין הרע!

טערקעלטויב. אויסהאַלטען, קליידען, שוכען, לערנען, געבען ערציהונג! ערציהונג דאָס איז דער עיקר. דאָס הייסט, איך קלאָג מיך נישט חלילה, דאַנקען גאָט, איך האָב זעהר אַ פיינע שטעלע, אַרבייט מיר אוים מיינע עטליכע טויזענד קערבלעך מיט אָט די צעהן פינגער (בעווייזט זיי די פינגער), נאָר אַז איך טהו אַ קוק אויף מיין געזינדעל, קיין עין הרע, און עס קומט מיר אויף דער מחשבה, טאָמער חלילה, לאָז גאָט היטען, די שעה זאָל גאָר ניט זיין... איהר פערשטעהט? כל זמן דער קאָפּ דיענט, און די הענד אַרבייטען... איהר פערשטעהט?

באַקפּיש. אָ! מיר פערשטעהען דאָס זעהר גוט. מיר זענען אויך סעמעיינע מענטשען. מיר פיהלען דעם טעם, וואָס הייסט צער גדול בנים.

לאַמטערענשיסער. קינדער פערזאָרגען איז, פּאַנימאַיעטיע, איי=נע פון די גרעסטע זאַכען!

מנחם מענדיל. אַ גרויסע זאַך צו פערזאָרגען קינדער, פערזאָרגען!
טערקעלטויב. איך טענה דאָס כסדר מיט מײַן ווײַב און מיט איטליכען בעזונדער, און וואו איך קום, טענה איך דאָס אײַנגענע, וואָס וואָלטען געטהון נעבאַך אַזעלכע מענשען ווי מיר, מיטעלמעסיגע, ס'זאָל ניט זײַן קיין מיטעל אויף צו...
באַקפּיש (האַפּט אוים די ווערטער). סטראַכירען זיך.
לאַמטערענשיסער. פאַרסטראַכירען זיך נאַסלוטשאַי סמערטי?
מנחם מענדיל. אָבשטראַפירען זיך פונ'ם טוידט?
טערקעלטויב. (אויפגעלעבט). איך זעה אין אײַך, אַז איהר פערשטעהט דאָס אַלע זעהר גוט און אַז איהר זענט אַלע גרייט אָבמאַכען דאָס עסק? קאָן איך אײַך זאָגען דערויף נאָר אַ יישר כח, איהר טהוט אַ גוטע זאַך.
באַקפּיש (שטאַרק אויפגעלעבט). מיר טהוען דאָס, וואָס אונזער חוב הייסט אונז טהון.
לאַמטערענשיסער. דאָס וואָס דער סאָוועסט דיקטירט אונז, פּאָנימאַיעטיע.
מנחם מענדיל. מיר טהון עס על פּי יושר, טהון מיר דאָס.
טערקעלטויב. זאָל אײַך גאָט העלפען, ווי איהר ווינשט אײַך, איהר זאָלט מאַריך ימים ושנים זײַן, גאָט זאָל אײַך מחיה זײַן, ווי איהר האָט מיך מחיה געוועזן מיט מײַן ווײַב און קינדער, זיי קוקען נעבאַך אַרוים דאַרויף, איך בין דאָך זייער איינציגער שפּײַזער. (שלעפּט אַרוים אַ פּאָרטפעל) וויפיעל רעכענט איהר צו מאַכען? למשל אויף וואָס פאַר אַ סומע הייסט עס?
באַקפּיש (נעהמט זיך צום פּאָרטפעל). ווי קאָנען מיר וויסען וואָס פאַר אַ סומע?
לאַמטערענשיסער (נעהמט זיך צום פּאָרטפעל). מיר קאָנען אײַך, פּאָנימאַיעטיע, זאָגען אַ דעה?
מנחם מענדיל. שייך מיר זאָלען אײַך זאָגען דעות, מיר?

טערקעלטויב (ערשטוינט). וואָס הייסט איהר מיר? איך וויל דאָך אייך...

באַקפּיש (אויסער זיך). איהר ווילט אונז מאַכען די שפּיעל?

לאַמטערענשיסער. איהר ווילט אונז סטראַפּירען נאַסלוטשאַי סמערטי?

מנחם מענדיל. אָבּטשטראַפּירען פונ׳ם טוידט ווילט איהר אונז?

טערקעלטויב. וואָס דען איהר? מיך? איהר זענט דען אויך אַגענטען?

באַקפּיש. האַ-האַ-האַ! פאַרשטעהט זיך אַגענטען. נו, און איהר?

לאַמטערענשיסער. אַגענטען, ווי פּאָנימאַיעטיע. און ווער זענט איהר?

מנחם מענדיל. נאָך אַ מין אַגענטען! נו און איהר?

טערקעלטויב (עלעגאַנט). לאַזאַר קאָנסטאַנטינאָוויטש טערקעלטויב, גענעראַל אינספּעקטאָר און אַגענט אָרגאַניזאַטאָר פון „אורבען".

באַקפּיש (עלעגאַנט). אַקים איסאַקאָוויטש באַקפּיש אינספּעקטאָר אָרגאַניזאַטאָר פון „ניויאָרק".

לאַמטערענשיסער (עלעגאַנט). מאַרק מאָיסיעיעוויטש לאַמטערענ-שיסער אָקרוזשנאָי אַגענט אַקוויזיטאָר ווי פּאָנימאַיעטע, פון „עקוויטעבל". (קוקט אויף מנחם מענדלין מיט גדלות).

מנחם מענדיל (עלעגאַנט). און איך בין מנחם מענדיל יקנהז, בין איך סופּאַגענט פון „יאַקער". (אַלע פיער געבען זיך די הענד, בייטען זיך מיט די קאַרטלעך. נאָר איין מנחם מענדיל טאַפּט זיך אין אַלע קעשענים: „או-וואַ. ניטאָ נאָך ביי מיר קיין קאַרטליך, ניטאָ,

טערקעלטויב (זיפצט), אַ שווערע פּרנסה, האַ?

באַקפּיש (זיפצט). אוי, כקריעת ים סוף! מע פאָהרט, מע שמעקט, מע מיינט טאָמער?...

לאַמטערענשיסער (קוקט מיט גדלות אויף מנחם מענדל׳ען). ווי פּאָ-

נִימאַיעֶטיעֶ, עֶס וואָלט אפשר געווען נִישקשה, עֶס זאָלען נִיט זײַן אַזוי פִיעל אַנעֶנטען, פאָנִימאַיעֶטיע, קאָנקורעֶנציעֶ...

מנחם מעֶנדיל. וואָס טויג מִיר קאָנקורעֶנצי—שמעֶנצי? זאָגט פראָסט אויף יִדִיש: מעֶ ליִגט אִין דעָר עֶרד און מעֶ באַקט בייגעֶל.

(פאָרהאַנג).

